יעמ. יאראָסלאווסקי

# די גרויסע פאָטערלענדישע מילכאָמע פונעם סאָוועטישנ פאָלק

אָגיז

מעלוכע-פארלאג „דער עמעס", מאָסקווע 1941

# I. אונדזער זאַכ איז אַ גערעכטע

דער 22 יונ 1941 יאָר וועט אַרײַנ אינ דער געשיכטע אַלס אָנהייב פונ דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע פונעמ סאָוועטישנ פאָלק קעגנ דעמ פאַשיסטישנ דײַטשלאַנד, וואָס איז אַפ אַ ראָצכישנ אויפנ אָנגעפאַלנ אַפנ ראַטנפאַרבאַנד. דאָס 200=מיליאָניקע סאָוועטישע פאָלק הייבט זיכ אופ, ווי איינ מענטש, צומ קאַמפ קעגנ די ראָצכימ, וואָס האָבנ זיכ אַרײַנגעריסנ אינ אונדזער געטרײַער היימ. אינ קאַמפ קעגנ די פילצאָליקע סאָנימ האָבנ די פעלקער פונ פססר געשאַפנ זייער פרײַ און מעכטיק היימלאַנד. דורכ העראָישנ קאַמפ און דורכ אַקשאָנעסדיקער מי האָבנ זיי דעראָבערט זייער פאָטערלאַנד, פאַרטיידיקנדיק עס מיט זייער ברוסט. פונ בלוט און קויט פונ דער ערשטער אימפּעריאַליסטישער וועלט=מילכאָמע, פונ גוואַלדיקנ כורבנ פונעמ בירגערקריג האָבנ די סאָוועטישע מענטשנ אופגעהויבנ זייער היימלאַנד אַפ אַ ניט=געזעענער הייכ און האָבנ פאַרוואַנדלט דאָס פריִער אָפּגעשטאַנענע לאַנד אינ אַ מעכטיק און פאָרגעשריטנ לאַנד. בעראָש פונ דעמ דאָזיקנ קאַמפ איז געשטאַנענ די גרויסע פאַרטיי פונ לענינ—סטאַלינ.

די געשיכטע פונעמ רוסישנ פאָלק און פונ אַנדערע פעלקער פונ פססר ווייסט סײַ אינ די ווײַט=פאַרגאַנגענע צײַטנ סײַ אינ אונדזערע טעג מערקוויר=דיקע בײַשפּילנ פונ העראָיזמ, מעסירעסנעפעשדיקײַט און פעסטקײַט אינ קאַמפ. אַלע ווייסנ, ווי דרייסט די רוסישע מענטשנ האָבנ זיכ געשלאָגנ בײַמ דעמ אײַז=געשלעג דעמ 5 אַפּרעל 1242 יאָר, ווענ עס זײַנענ צעגראָמירט געוואָרנ די „קלאָווימ די ריטערס“ פונעמ ליוואָנער אָרדענ — די ווײַטע פאָרגייער פונ די איצטיקע פאַשיסטנ, וויאַזוי די דאָזיקע „אויסוואורפנ“, ווי מאַרקס רופט זיי אָנ, זײַנענ אַרויסגעשלײַדערט און פאַרטריבנ געוואָרנ פונ דער רוסישער ערד.

די געשיכטע פונעמ רוסישנ פאָלק ווייסט פונ פאָטערלענדישע מילכאָמעס, ווענ דאָס פאָלק האָט אינ גרויסנ שטורמישנ אופברויז אָפּגעווישט פונ דער

ערד די פײַנטלעכע ארמייענ, וועמעס אָנפירער עס האָבנ פרעטענדירט אפ וועלט־הערשאפט. אינ 1812 יאָר האָט דאָס רוסישע פאָלק צעגראָמירט דעמ גרעסטנ צווישנ די כאַיל־פירער — נאפאָלעאָנענ אונ האָט אימ געצוווּנגענ אנטלויפנ פונ רוסלאנד מיט די געבעכדיקע רעשטלעכ פונ זײַנ צעקלאפטער ארמיי. דאָס גאנצע פאָלק איז דאנ אופגעשטאנענ קעגנ דעמ סוינע. די פויע־רימ אונ פויערטעס האָבנ זיכ באוואָפנט, קעדיי צו פארטרײַבנ די באצווינגער. אונ די ארמיי, וואָס איז דורכגעגאנגענ דורכ גאנצ אייראָפע, וואָס האָט באַ־פעסטיקט איר הערשאפט אינ סיריע, אינ עגיפטע, אפנ מיטללענדישנ יאמ,— די דאָזיקע ארמיי איז צעקלאפט געוואָרנ אינ די שלאכטנ דורכ די רומפולע רוסישע כאַיל־פירער קוטוזאָוו, באגראטיאָנ א. אנד. זי איז צעקלאפט געוואָרנ אינ דער פאָטערלענדישער מילכאָמע, אינ וועלכער עס האָבנ זיכ באטייליקט מיליאָנענ פויערימ.

קיינער פונ אונדז האָט ניט פארגעסנ אונ וועט ניט פארגעסנ די רעציכעס אונ די איזדיעקענישנ פונ די דײַטשישע אימפעריאליסטנ איבערנ פאָלק אינעמ פעריאָד פונ דער אינטערווענציע, ווענ דאָס דײַטשישע מיליטער האָט אָקופירט אוקראַינע, ווײַסרוסלאנד אונ אנדערע קאנטנ אונ געגנטנ, פונוואנענ דאָס באוואָפנטע פאָלק אונ די רויטע ארמיי האָט זיי פארטריבנ.

מיר דארפנ טאָנ אלצ, וואָס עס פאָדערט פונ אונדז די היסטאָרישע סיטואציע, אלצ, וואָס עס פאָדערט אונדזער כויוו פאר אונדזער היימלאנד, פאר די ארבעטנדיקע פונ דער גאנצער וועלט, אז דער דאָזיקער ראָצכישער אָנפאל פונ די פאשיסטנ זאָל ניט בלויז באגעגענענ א ווירדיקנ צוריקשטויס, נאָר זאָל ברענגענ צומ *פולשטענדיקנ צעגראָמירנ* זיי.

די סאָוועטישע רעגירונג האָט געטאָנ אלצ, וואָס זי איז געווענ בעקויעכ אונ אימשטאנד צו טאָנ, קעדיי ניט צו דערלאָזנ קיינ מילכאָמע. אינ דער צײַט, ווענ די מילכאָמע האָט שוינ ארומגעכאפט א האלבע וועלט, האָט די סאָוועטישע רעגירונג געטאָנ אלצ אפ אײַנצוהיטנ שאָלעמ. אלע באדינגונגענ פונעמ אָפמאכ, וואָס איז געשלאָסנ געוואָרנ צווישנ ססר אונ דײַטשלאנד, האָט די סאָוועטישע רעגירונג אָפגעהיט אונ אויסגעפילט ביז גאָר געוויסנהאפט. אָבער אינ דער זעלבער צײַט האָט זי אופמערקזאמ נאָכגעשפירט נאָכ אלע פארדעכטיקע צוגרייטונגענ אונ שריט פונ דער דײַטשישער פאשיסטישער רעגירונג, וואָס האָט מיט היטלערס מויל דערקלערט, אז דײַטשלאנד שטעלט פאר זיכ

אינ דער מילכאָמע דעם ציל אײַנשטעלנ די העגעמאָניע פונ פאשיזם אינ אייראָפּע אונ פאָדערט פונ אלע מעלוכעס אונ פעלקער פונ אייראָפּע צו אָנערקענענ די פאשיסטישע „נײַע אָרדענונג“. אונ די דאָזיקע „נײַע אָרדענונג“ דריקט זיכ אויס, ווי באוווסט, אינ שווידערלעכע ראָצכישע פארפאָלגונגענ, אינ דער פארשקלאפונג פונעם ארבעטער=קלאס, פונ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ גאנצע לענדער אונ פעלקער, שוינ אָפּגערעדט דערפונ, וואָס דײַטשלאנד אלײנ איז פארוואנדלט געוואָרנ אינ א דורכויסיקנ קאָנצענטראציע=לאגער. די בלוטדורשטיקע פאשיסטישע רעגירער פונ דײַטשלאנד, וואָס האָבנ באצוווּנגענ די פראנצויזנ, טשעכנ, פּאָליאקנ, סערבנ, נאָרוועגיע, בעלגיע, דענעמארק, האָלאנד, גריכנלאנד אונ אנדערע פעלקער, האָבנ געמאכט א ראָצכישנ אָנפאל אפ אונדזער היימלאנד. דאָס סאָוועטישע פאָלק קאָנ ניט דערלאָזנ אונ וועט ניט דערלאָזנ, אז דער שטיוול פונעם דײַטשישנ פאשיסט זאָל טרעטנ אונדזער הייליקע סאָוועטישע ערד, וואָס דאָס פאָלק האָט דעראָבערט אינ קאמפ קעגנ די עקספּלואטאטאָרנ, קעגנ קייסער, קעגנ די גוטבאזיצער אונ קאפּיטאליסטנ, די ערד, וואָס איז באנאָסנ מיטנ שווייס אונ בלוט פונעם פאָלק.

דײַטשלאנד שלעפּט ארײַנ אינ דער דאָזיקער מילכאָמע קעגנ דעם סאָוועטישנ פאָלק אויכ פינלאנד אונ רומעניע. די פינישע ווײַסגווארדייער צוזאמענ מיט די פאשיסטישע הענקער פונ דײַטשלאנד אונ מיט די רומענישע באָיארנ ווילנ פארשקלאפנ אונדזער הייליקע סאָוועטישע ערד. וויי צו זיי! האָט זיכ דאָס 200=מיליאָניקע פאָלק פונעם ראטנפארבאנד א הייב געטאָנ מיט זײַנ אײַזערנער, מעכטיקער שטורעמ=קראפט, וועט עס אָפּווישנ פונ דער ערד די דאָזיקע הענקערס, צעגראָמירנ ביזנ סאָפ די נעסטנ פונ דער פאשיסטישער קרעץ, קעדיי צו זיכערנ שאָלעמ די פעלקער אונ א מעגלעכקײַט פאר זייער זעלבשטענדיקער עקזיסטענצ.

אינ פעריאָד פונ בירגערקריג האָט דאָס סאָוועטישע פאָלק געפירט א פאָטערלענדישע מילכאָמע קעגנ די אינטערווענטנ, וועלכע האָבנ געוואָלט אָפּווישנ פונ דער ערד אונדזער מעלוכע. איצט פירנ מיר ווידער א נײַע גרויסע פאָטערלענדישע מילכאָמע. דעמלט אָבער, אינ 1918 יאָר, זײַנענ מיר געווענ שוואכ, מיר האָבנ ניט געהאט קיינ דערפארונג, מיר האָבנ ערשט געהאלטנ אינ שאפנ די רויטע ארמיי. אונ איצט שטייט די מעכטיקע סאָוועטישע מעלוכע אינ פולנ וואָפנ מיט איר אָנגעזאמלטער ריזנ=קראפט אונ דערפארונג, מיט דער דער=

וואָרבענער גרויסער פרייַנטשאַפט פון די פעלקער פון פססר. און די דאָזיקע פאָטערלענדישע מילכאָמע וועט פירן דאָס פאָלק, וואָס ווייסט, אַז זייַן זאַך — איז אַ גערעכטע זאַך.

## II. מיר האָבן וואָס צו פאַרטיידיקן

אומזיסט האָבן די סאָנים פון פססר מיט בלוט, פייַער און שווערד, מיט עקאָנאָמישער בלאָקאַדע, פּראָוואָקאַציאָנעלע אָנפאַלן, מיט רעבילעס און ליגן געפּרוווט פאַרניכטן די יונגע סאָוועטן=רעפּובליק.

דער פאַטאַס פון בירגערקריג האָט אָפּגעשפּיגלט די גרויסע קראַפט פונעם סאָוועטישן פאָלק, וואָס האָט פאַרשטאַנען, אַז מע מוז גיין אויף אַלע קאָרבאָנעס, כדי צו פאַרטיידיקן זייַן פרייַהייט, זייַן היימלאַנד. ווען מע לייענט די בלעטלעך פון דער געשיכטע פונעם בירגערקריג, שטייען פאַר אונדז אויף די געשטאַלטן פון אַן אַ שיר גאַנץ אָפּט אומבאַוווּסטע העלדן פונעם קריג קעגן די פרעמדלענדישע אינטערווענטן, קעגן די ווייַסגוואַרדייִשע גענעראַלן. עס שטייען פאַר אונדז אויף די העלדן פון פערעקאָפּ, די העלדן פון דער מילכאָמע קעגן דעם פאַנסקן פוילן, די געשטאַלטן פון די רומפולע כאַל=פירער פונעם בירגערקריג, וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן פאַר דער זאַך פון די אַרבעטנדיקע: טשאַפּאַיעוו, שטשאָרס, לאַזאָ, פאַרכאָמענקאָ און פיל, פיל אַנדערע. און דאָס האַרץ ווערט פול מיט שטאָלץ פאַר אונדזער סאָוועטיש היימלאַנד, פאַר אונדזער רעוואָליוציע, פאַר אונדזער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, פאַר דעם העראָישן סאָוועטישן פאָלק, וואָס האָט דערצויגן אַזוינע רומפולע, מוטיקע זין. דער בירגערקריג האָט געשאַפן אַ מאַסן=העראָיזם, וואָס די געשיכטע פון דער מענטשהייט האָט נאָך אַזאַ ניט געזען, ער האָט דערצויגן מיליאָנען פאַטריאָטן, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן גרויס מעסירעסנעפעש באַם פאַרטיידיקן אונדזער פאָטערלאַנד, דאָס פאָטערלאַנד פון די אַרבעטנדיקע. דעמלט איז די סיטואַציע געווען זייער אַ שווערע. נאָר אין הונגער און קעלט, אין דער גרעסטער נויט האָט דאָס לאַנד פון די ראַטן, אָנגעפירט פון לענינען און סטאַלינען, געפונען אין זיך קויכעס אויף צו צעקוועטשן די קאָנטררעוואָליוציע און אַרויסצושלייַדערן די אינטערווענטן צו אַלדי רוכעס.

די מיליאָנען אַרבעטנדיקע ווייסן, וואָס פאַר אַן אָפּגעשטאַנענקייט, וואָס פאַר אַן אַלטפרענקישקייט די ראַטנמאַכט איז בייַגעקומען, און זיי שטאָלצירן

מיט רעכט מיט אירע גראנדיעזע דערפאָלגנ. די סטאלינישע פינפיאָרנ האָבנ געמאכט אונדזער לאנד פאר דער סאמע פאָרגעשריטענער, מעכטיקער, סאָציאליסטישער מעלוכע. דער סאָוועטישער פאטריאָט האָט ליב זײַנ היימלאנד, וואָרעמ פססר איז דאָס איינציקע לאנד אינ דער וועלט, ווו ס'איז מיטנ וואָרצל אויסגעריסנ די עקספלואטאציע פונ מענטש דורכ מענטש, ווו די ארבעטנדיקע מאסנ זײַנענ באפרײַט פונעמ יאָכ פונ עקספלואטאציע.

„די באזונדערקײַט פונ דער סאָוועטישער געזעלשאפט פונ דער איצטיקער צײַט באשטייט, צומ אונטערשייד פונ יעטווידער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, דערינ, וואָס אינ איר זײַנענ ניטאָ מער קיינ אנטאגאָניסטישע, פײַנטלעכע קלאסנ, די עקספלואטאטאָרישע קלאסנ זײַנענ ליקווידירט, אונ די ארבעטער, די פויערימ אונ די אינטעליגענצ, וואָס בילדנ די סאָוועטישע געזעלשאפט, לעבנ אונ ארבעטנ אפ יעסוידעס פונ פרײַנטלעכער מיטארבעט. אינ דער צײַט, ווענ די קאפיטאליסטישע געזעלשאפט ווערט צעריסנ פונ די אומקאָמפּראָמיסלעכע ווידערשפּרוכנ צווישנ די ארבעטער אונ די קאפיטאליסטנ, צווישנ די פויערימ אונ די גוטבאזיצער, וואָס דאָס פירט צו דער ניט-שטאנדהאפטיקײַט פונ איר אינערלעכער לאגע, איז די סאָוועטישע געזעלשאפט, א באפרײַטע פונעמ יאָכ פונ עקספלואטאציע, ווייסט ניט פונ אזוינע ווידערשפּרוכנ, זי איז פרײַ פונ קלאסנ-צוזאמענשטויסנ אונ שטעלט פאָר א בילד פונ פרײַנטלעכער מיטארבעט פונ די ארבעטער, פויערימ אונ אינטעליגענצ. אפ דער באזע פונ דער דאָזיקער געמיינזאמקײַט האָבנ זיכ טאקע פאנאנדערגעוויקלט אזוינע טרײַב-קרעפטנ, ווי די מאָראליש-פאָליטישע איינהײַט פונ דער סאָוועטישער געזעלשאפט, די פרײַנטשאפט פונ די פעלקער פונ פססר, דער סאָוועטישער פאטריאָטיזמ“ (סטאלינ).

איז ווי זשע זאָל דאָס סאָוועטישע פאָלק ניט ליב האָבנ דאָס דאָזיקע לאנד, וואָס איז פונ אימ אליינ געשאפנ אפסנײַ, וואָס איז פונ אימ אליינ אָפּגעקעמפט געוואָרנ בא די עקספלואטאטאָרנ, בא די פאראזיטנ! איז ווי זשע זאָל דאָס פאָלק ניט ליב האָבנ אונ ניט פארטיידיקנ מיט זײַנ גאנצער קראפט דאָס לאנד פונ די ראטנ, וואָס דאָס פאָלק אליינ האָט עס פארטיידיקט מיט זײַנ ברוסט אונ מיטנ בלוט פונ זײַנע זינ! איז ווי זשע זאָל דאָס סאָוועטישע פאָלק ניט ליב האָבנ דאָס לאנד, ווו צומ ערשטנ מאָל אינ דער געשיכטע פונ דער מענטשהײַט קאָנ דאָס פאָלק אליינ, אלס באלעבאָס, שאפנ א נײַ, פרעכטיק,

פריידיק לעבנ, ווענ מיט זײַנע אייגענע הענט, מיט זײַנ מי ווערנ פאַרווירקלעכט די גרויסע טרוימענ אונ האָפענונגענ פונ די בעסטע קעמפער פונ דער מענטשהײַט, די סאַמע הייליקע טרוימענ אונ האָפענונגענ פונ מיליאָנענ אַרבעטנדיקע פונ דער גאַנצער וועלט!

דער בעסטער אויסדרוק פונ סאָוועטישנ פאַטריאָטיזמ זײַנענ דעמ כאַווער סטאַלינס ווערטער: „ווענ יעדער טראָט אינ מײַנ אַרבעט צו דערהייבנ דעמ אַרבעטער-קלאַס אונ צו פאַרפעסטיקנ די סאָציאַליסטישע מעלוכע פונ דעמ דאָזיקנ קלאַס זאָל ניט זײַנ געווענדט צומ פאַרבעסערנ די לאַגע פונעמ אַרבעטער-קלאַס, וואָלט איכ געהאַלטנ מײַנ לעבנ פאַר צוועקלאָז“.

טאַקע דערפאַר, וואָס אינ דער ראַטנ-מעלוכע זײַנענ אויסגעוואַקסנ מיליאָנענ מענטשנ, פאַר וועלכע דאָס וווילזײַנ פונעמ פאָלק, דער וווּקס פונ זײַנ מאַטעריעלנ אונ קולטורעלנ ניוואָ, די פאַרטיידיקונג פונעמ היימלאַנד איז אַ לעבנס-זאַכ, טאַקע דערפאַר איז אונדזער היימלאַנד פאַר אַ פערטל יאָרהונדערט אַזוי גוואַלדיק אויסגעוואַקסנ. אָט פונוואַנענ עס שטאַמט דער פאַטאָס פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג אינ פססר, אַ פאַטאָס, וואָס די וועלט האָט נאָכ אַזאַ ניט געזענ; אָט פאַרוואָס אומעטומ — אי אויפ די בויונגענ פונ דער סאָוועטישער אינדוסטריע אי אויפ די זאַוואָדנ, וואָס פעסטיקנ די מעכטיקײַט פונ אונדזער היימלאַנד, אי אויפ די קאָלווירטישע פעלדער, אי אינ די לאַבאָראַטאָריעס, אי אינ די לופט-פלונג, אי אינ דער פאָליאַרער שטילקײַט פונ דער אַרקטיק, אי אינ יעטווידער וואָכעדיקער אַרבעט ווײַזנ אַרויס די זינ אונ טעכטער פונעמ סאָוועטישנ פאָלק אונ וועלנ אַרויסווײַזנ פונקט אַזאַ מאַסנ-העראָיזמ, ווי עס ווײַזנ אַרויס זייערע זינ, פאָטערס אונ ברידער אויפנ פראָנט, אויפ דער ערד, אינ דער לופט, אויפ די יאַמענ אונ אונטערנ וואַסער. יענע קראַפט, וואָס באַוועגט דאָס גרויסע פאָלק צומ בויענ גראַנדיעזע קאַנאַלנ, אויסצוטריקענענ זומפנ, אַנטוויקלענ די פאָלקסווירטשאַפט, — די דאָזיקע קראַפט וועט זיכ אַרויסווײַזנ אינ שלאַכט קעגנ סוינע. יעדער סאָוועטישער בירגער ווייסט, אַז פאַרנ פערטל יאָרהונדערט האָט דאָס ראַטנלאַנד פאַנאַנדערגעוויקלט זײַנע אומגעהייערע קויכעס. אָט פאַרוואָס דעמ סוינע, וואָס האָט געוואַגט זיכ צו פאַרמעסטנ אויפ אונדזער הייליקער ערד, וואָס פרווט אונדז שטערנ אינ אונדזער גרויסער בויונג, — אָט פאַרוואָס מיר וועלנ אימ ענטפערנ אַלע, ווי איינער, וואָרעמ מיר אַלע זײַנענ סאָוועטישע מענטשנ, — פאַטריאָטנ פונ אונדזער היימלאַנד.

מיר האָבנ וואָס צו פאַרטיידיקנ, אונ עס איז ניטאָ אזא קראַפט, וואָס זאָל אונדז קאָנענ צווינגענ אָפּטרעטנ פונעמ וועג, וועלכנ עס האָט אָנגעמערקט די גרויסע פּאַרטיי פונ לענינ—סטאַלינ, וועלכנ ס'האָט אונדז אָנגעוויזנ די סאָוועטישע רעגירונג. עס איז געקומענ די צייט, ווענ אונדזער מאָראַליש-פּאָליטישע איינהייט וועט געפינענ דעמ סאמע פולנ, בוילעטנ אונ ווירדיקנ אויסדרוק: דעמ באַפעל פונ דער סאָוועטישער רעגירונג „אָפּשלאָגנ דעמ ראָצבישנ אָנפאַל אונ פאַרטרייבנ דאָס דייטשישע מיליטער פונ דער טעריטאָריע פונ אונדזער היימלאַנד" וועלנ מיר אויספירנ אזוי, ווי מיר האָבנ אויסגעפירט אלע שלאַכטבאַשלוסנ פונ דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי אונ סאָוועטישער רעגירונג. אונ דער סוינע וועט זיכ זייער גיכ איבערצייגנ, אז מיר קאָנענ דערלאַנגענ צעשמעטערנדיקע קלעפּ די פרעכע פאַרכאַפּער, וואָרעמ אונדזער 200-מיליאָניק פאָלק ווייסט גוט, פאַר וואָס עס קעמפט.

## III. אינ וואָס באַשטייט אונדזער קראַפט

אינ אונדזער לאַנד איז געזיכערט אַנ אומגעזעענע מאָראַליש-פּאָליטישע איינהייט פונ דער גאַנצער סאָוועטישער געזעלשאַפט. די סאָוועטישע מעלוכע-סיסטעמ באַזירט זיכ אַפ דער באַפרייונג פונ די אַרבעטנדיקע פונ אונטעריאָכ פונ די עקספּלואַטאַטאָרנ, זי באַזירט זיכ אַפ דער גלייכבאַרעכטיקונג אונ ברידערלעכער מיטאַרבעט פונ אלע פעלקער פונ ססר. דער סאָוועטישער פּאַטריאָט שטאָלצירט דערמיט, וואָס ער איז אַנ אומקאָמפּראָמיסלעכער סוינע פונ עקספּלואַטאַציע פונ מענטש דורכ מענטש, אַ סוינע פונ ניט-גלייכבאַרעכטיקונג פונ פעלקער, אַ סוינע פונ טויטע, מענטשנפרעסערישע פאַשיסטישע טעאָריעס, אַ סוינע פונ ראַסעווער אונ נאַציאָנאַלער אומגלייכהייט אונ אונטערדריקונג. די קראַפט אונדזערע איז אינ אונדזערע פאַבריקנ אונ זאַוואָדנ, אינ אונדזער קאָלווירטישער אָרדענונג, די קראַפט אונדזערע איז אינ דער סאָוועטישער קולטור, אינ דער סאָוועטישער וויסנשאַפט. דער סאָוועטישער פּאַטריאָטיזמ איז דער אויסדרוק פונ דעמ פאָלקס ליבע צו דער נייער מעלוכע, וואָס האָט אויפגעהויבנ פונ שטויב מיליאָנענ מענטשנ, האָט אָנגעפילט זייער לעבנ מיט אַ ווונדערלעכנ נייעמ אינהאַלט, האָט פאַנאַנדערגעעפנט אזוינע העלע, אזוינע ראַכוועסדיקע האָריזאָנטנ, האָט באַזיגיקט דעמ קאַמפּ פונ אלע פאַרגאַנגענע

דווירעמ אונ האָט באוויזנ, אַז ניט אומזיסט זיינענ געווענ די אָנשטרענגונגענ, די ליידנ, די קאָרבאָנעס, דאָס פארגאָסענע בלוט.

„עס איז אָנגענעמ אונ פריידיק צו וויסנ, — האָט געזאָגט כאווער סטאַלינ אפנ אויסעראָרדנטלעכנ VIII אַלפארבאנדישנ ראטנ=צוזאמענפאָר, — אַז דאָס בלוט, וואָס אונדזערע מענטשנ האָבנ אזוי־פיל פארגאָסנ, איז ניט געווענ אומזיסט, אַז עס האָט געבראכט זיינע רעזולטאטנ. דאָס באוואָפנט גייסטיק אונדזער ארבעטער=קלאס, אונדזער פויערטומ, אונדזער ארבעטנדיקע אינטעליגענצ. דאָס באוועגט פאָרויס אונ דערוועקט א געפיל פונ געזעצלעכנ שטאָלצ".

אונ מיט אָט דער זיכערקייט אינ די אייגענע קויכעס, פול מיט הייסנ סאָוועטישנ פאטריאָטיזמ, מיט ליבע צו זייער היימלאנד וואקסנ אויסגעצייכנטע סאָוועטישע קאדרענ, וואקסנ מענטשנ פונ דער נייער וויסנשאפט, וואָס לייגנ דורכ נייע וועגנ; וואָס ברעכנ די אלטע נאָרמעס, וואקסנ די רומפולע אעראָנאווטנ, העלדנ פונ מערקווירדיקע פלוגנ. זיי וועלנ נאָכ באווייזנ, וואָס זיי קענענ, די דאָזיקע סאָקאָלנ פונ דער סאָוועטישער אוויאציע! אפנ ארבעטס=פראָנט זיינענ אויסגעוואקסנ שרעקלאָזע קריגער פארנ אופבלי פונעמ היימלאנד — סטאכאנאָווצעס, זיי וועלנ נאָכ מער פאנאנדערוויקלענ זייער אקטיווקייט, זיי וועלנ נאָכ מער העכערנ די ארבעט=פראָדוקטיווקייט אינ די אונטערנעמונגענ, אינ די קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ, זיי וועלנ נאָכ מער פינקטלעכ אוועקשטעלנ די ארבעט אפ יעדנ באצירק. באהאנדלענדיק דעמ כאווער מאָלאָטאָווס ארויסטרעטונג, נעמענ אפ זיכ די ארבעטער אינ די זאוואָדנ, די קאָלווירטניקעס אפ די פעלדער פארפליכטונגענ צו פארגרעסערנ די פראָדוקציע אינ צוויי מאָל אזוי־פיל. אונ מיר צווייפלענ ניט, אַז זיי וועלנ די דאָזיקע פארפליכטונג אויספילנ, אַז דאָס סאָוועטישע פאָלק וועט באווייזנ, וואָס פאר א קראפט עס קאָנ פאנאנדערוויקלענ, ווענ עס האנדלט זיכ וועגנ זיינע לעבנס=אינטערעסנ.

„דערמאָנט זיכ, — האָט נאָכ אינ 1845 יאָר געזאָגט פרידריכ ענגעלס,— וואָס פאר א וווּנדער עס האָט אופגעטאָנ פונ 1792 ביזנ 1799 יאָר דער ענטוזיאזמ פונ די רעוואָליוציאָנערע ארמייענ, וועלכע האָבנ געקעמפט בלויז פאר אנ אילוזיע, פאר א קלוימערשטנ פאָטערלאנד, אונ איר וועט מוזנ פארשטיינ, ווי שטארק עס וועט זיינ די ארמיי, וואָס קעמפט ניט פאר קיינ אילוזיע, נאָר פאר א רעאלערווירקלעכקייט".

די רויטע ארמיי פונ פססר קעמפט ניט פאר קיינ אילוזיע, ניט פאר קיינ

קלוימערשטנ פאָטערלאנד, נאָר פאר איר הײם געליבטנ, מיט רום באדעקטנ סאָוועטישנ הײמלאנד, וואָס איז געשאפנ געוואָרנ אונ דערפּאָבערט געוואָרנ דורכ די העראָישע אָנשטרענגונגענ, דורכנ קאמפּ פונעם גאנצנ סאָוועטישנ פאָלק.

דער מיטגליד „פונ אזא געזעלשאפט... דארפ אינ פאל פונ א מילכאָמע, — האָט ענגעלס געזאָגט, — פארטײדיקנ דאָס ו י ר ק ל ע כ ע פאָטערלאנד, די ו י ר ק ל ע כ ע הײמ... ער וועט, הײסט עס, קעמפנ מיט ענטוזיאזם, מיט פעסטקײט, מיט דרײסטקײט, פאר וועלכע עס דארפ זיכ צעפליִענ ווי שטרוי די מעכאנישע אויסגעשולטקײט פונ דער מאָדערנער ארמײ“. (ק. מארקס אונ פ. ענגעלס, ווערק, ב. III, ז. 278).

הײנט איז געקומענ דער טאָג, ווענ די געפילנ אונ די ענערגיע פונ די סאָ־וועטישע פאטריאָטנ וועלנ פארוואנדלט ווערנ אינ א שטראָמ, וואָס ברעכט אלע צוימענ, ווענ די מילכאָמע וועט אפ יעדנ טריט געבוירנ מאסנ־העראָיזמ, גרײט־קײט פונ די סאָוועטישע מענטשנ צו ברענגענ יעטווידע קאָרבאָנעס, בײצוקו־מענ יעטווידע שטערונגענ, קעדײ צו פארטײדיקנ דאָס הײמלאנד, קעדײ צו געבנ דעמ לאנד א מעגלעכקײט צו וואקסנ אונ וואקסנ, וואָרעמ

„...א לאנד,
וואָס דו האָסט
געקראָגנ אינ שלאכט
אונ אויסגעכאָוועט
אינ ווײטעקנ,
ווו ביסט אופ מיט א קויל,
זיכ געלײגט מיט א ביקס,
ווו אלס טראָפּנ
דו פליסט מיט האמוינימ, —
דו וועסט גײענ
אפ מי,
אפ לעבנ,
אפ גליק,
אפ טויט
מיט א לאנד מיט אזוינעמ!“
(וו. מאיאקאָווסקי, פּאָעמע „גוט“).

# IV. מיר האָבנ, ווער עס זאָל פארטיידיקנ, און האָבנ מיט וואָס צו פארטיידיקנ

אינ דער קאפיטאליסטישער ארומרינגלונג, ווו עס הערשט דער פרינציפ פונ הוילנ געוואלט, איז דער סאָוועטישער מעלוכע ניט לײַכט געווענ זיכערנ זיכ די מעגלעכקײַט צו פירנ אנ אומאָפהענגיקע און זעלבשטענדיקע פאָליטיק.

דער סאָוועטישער בירגער דארפ קיינמאָל ניט פארגעסנ, אז די שאָלעמ-פאָליטיק פונ דער סאָוועטישער מעלוכע איז מעגלעכ געווענ בלויז דערפאר, וואָס די סאָוועטישע מעלוכע האָט זיכ געשטיצט און שטיצט זיכ אפ די מעכטיקע קרעפטנ פונעמ באוואָפנטנ פאָלק, אפ די אומבאזיגבארע קרעפטנ פונ דער ארבעטער-פויערשער רויטער ארמיי.

ס'איז ניט לײַכט געווענ צו שאפנ אָט די רויטע ארמיי אינעמ לאנד, וואָס איז געווענ רויִנירט דורכ דער ערשטער אימפעריִאליסטישער מילכאָמע און דורכנ בירגערקריג. אָבער דאָס פאָלק האָט קיינ זאכ ניט געזשאלעוועט אפ צו שאפנ די דאָזיקע ארמיי, און דעריבער האָט עס טאקע געשאפנ א מעכטיקע קראפט, וואָס האָט באוואכט זײַנ אומאָפהענגיקײַט און די מעגלעכקײַט צו ארבעטנ פרידלעכ אינ מעשעכ פונ צוויי יאָרצענדליקער. די פעלקער פונ ססר ווייסנ גוט און וועלנ קיינמאָל ניט פארגעסנ, וואָס פארא קאָלאָסאלע קאָרבאָנעס עס האָבנ געבראכט גאנצע דוירעס, קעדיי אײַנצוהיטנ די גאנצקײַט און אומאָפהענגיקײַט פונ ססר. זיי האָבנ ניט פארגעסנ, ווי עס האָבנ געבאלעבאטעוועט די באיאָלעס דײַטשישע און אנדערע אינטערווענטנ, וואָס האָבנ געשניטנ דאָס לעבעדיקע לײַב פונ אונדזער היימלאנד.

די מעגלעכקײַט פונ פרידלעכער ארבעט פאר די פעלקער פונ ססר איז געווענ געזיכערט דורכנ העלדישנ קאמפ פונ דער רויטער ארמיי, דורכ איר גרויזאמער, אײַזנפעסטער קראפט. טאקע אָט די קראפט האָט געזיכערט ססר א לאנגדויערנדיקנ שאָלעמ. זי האָט עס אָפגעשטעלט די האנט פונ די אימפעריִאליסטנ, וואָס האָבנ ניט איינ מאָל געגרייט אנ אָנפאל אפ ססר. טאקע זי האָט געגעבנ א צוריקשטויס די פינישע ווײַסגווארדייער אינ 1939—1940 יאָרנ און זי וועט עס פארענדיקנ צעגראָמירנ די דאָזיקע ווײַסגווארדייער איצט, ווענ די ווײַסגווארדייִשע קליקע האָט אופגעהויבנ די פארברעכערישע האנט און פאלט ראָצכיש אָנ צוזאמענ מיט די פאשיסטנ אפנ פרידלעכנ לאנד פונ

די ראטנ. די דאָזיקע ארמיי האָט געבראכט באפרײַונג די פעלקער פונ מײַ=רעוו=אוקראַינע אונ מײַרעוו=ווײַסרוסלאנד, פונ בעסאראביע, ליטע, לעטלאנד אונ עסטאָניע. זי האָט ניט איינ מאָל געוויזנ גוואלדיקע מוסטערנ פונ העראָיזמ. מיטנ קאמפס=רופ „פארנ היימלאנד, פאר סטאלינענ!“ זײַנענ געגאנגענע אונ וועלנ גייענ די קריגער, קאָמאנדירנ אונ פאָליט=טוער פונ דער רויטער ארמיי אינ שלאכט פאר דער ראטנמאכט, פאר ערע, פאר פרײַהײַט. דער זעלבער מאסנ=העראָיזמ, וואָס איז גוט באקאנט אונדזערע סאָנימ פונ די צײַטנ פונ בירגערקריג, באוועגט איצט מיט א נײַעמ קויעכ די קריגער פונ דער רויטער ארמיי, אונ ער וועט זייער שלאכט=דראנג צוגעבנ א פארניכטנדיקע קראפט.

כאווער סטאלינ האָט שטענדיק געלערנט, אז דאָס סאָוועטישע פאָלק דארפ זיכ געפינענ אינ א צושטאנד פונ מאָביליזיר=גרייטקײַט. די מילכאָמע האָט אונדז ניט געטראָפנ אומגעריכט. מיר האָבנ וואכזאמ נאָכגעשפירט נאָכ דעמ, וואָס עס טוט זיכ אפ יענער זײַט סאָוועטישער גרענעצ, אונ די רויטע ארמיי פונ פססר וועט אויספילנ איר בירגערלעכנ כויוו.

אונ מיר ווייסנ:

דער סוינע וועט זײַנ צעקלאפט, דער זיג וועט זײַנ אונדזערער!

ווענ די סעסיע פונעמ אויבער=ראט פונ פססר האָט אָנגענומענ דעמ בוד=זשעט אפנ 1941 יאָר אונ האָט באשטעטיקט די אסיגנירונגענ אפ לאנדשוצ, האָט דאָס גאנצע לאנד שטאָלצירט, וואָס מיר האָבנ די מעגלעכקײַט אסיגנירנ אזוינע באדײַטנדיקע מיטלענ צומ פארפעסטיקנ די קריגס=מעכטיקײַט פונ פססר.

די בירגער פונעמ ראטנפארבאנד האָבנ דערוויזנ, אז זיי זײַנענ גרייט מיט אלצ צו העלפנ דער סאָוועטישער מעלוכע. די אבאָנירונג אפ דער מעלוכע=האלוואָע, וואָס האָט זיכ ניט לאנג פארענדיקט, האָט באוויזנ, אז דאָס סאָוועט=ישע פאָלק איז גרייט צו געבנ די סאמע לעבעדיקע הילפ דער מעלוכע אינ פארפעסטיקנ איר מעכטיקײַט. די האלוואָע איז אינ א היפשער מאָס איבער=געשטיגנ געוואָרנ, אונ ס'איז קיינ שומ סאָפעק ניט, אז די פעלקער פונ פססר וועלנ אויכ ווײַטער טאָנ אלדאָס נייטיקע, אז דער רויטער ארמיי זאָל קיינ זאכ ניט פעלנ, אונ זי זאָל קאָנענ מיט דערפאָלג אויספילנ אירע אופגאבנ. צוליב דעמ דארפ מענ אלצ שטעלנ צו דינסט דער ארמיי: די פינקטלעכע ארבעט פונ דער גאנצער אינדוסטריע, די מאָביליזירונג פונ אלע אירע קויכעס, באזונ=דערס פונ דער אינדוסטריע, וואָס ארבעט פאר דער לאנד=

שוצ; די פּינקטלעכע אונ סאָלידארע ארבעט פונעמ טראנספּאָרט, וואָס שפּילט א קאָלאָסאלע ראָליע מילכאָמע-צײַט; די סאָלידארע, אָרגאניזירטע סטאכאנאָווישע ארבעט אפ די קאָלווירטישע פעלדער אונ אינ די ראטווירטנ; די אקשאָנעסדיקע, צילגעווענדטע ארבעט פונ אלע געלערנטע פונעמ לאנד, פונ די אינזשעניערנ, טעכ-ניקער, שרײַבער, קונסט-טוער; די ענערגישע אונ פּונקט אזוי ציל-געווענדטע לער אינ דער שול; צוליב דעמ דארפ מענ, אז די גאנצע באַ-פעלקערונג זאָל באהערשנ די קריגס-קענטענישנ, דעמ מינימומ פונ סאניטארער דינסט, פונ כימישער שוצ אונ לופט-שוצ, זאָל אָפּהיטנ שטרענגסטע דיסציפּלינ, זאָל העכערנ די ארבעטס-פּראָדוקטיווקײַט, די רעוואָלוציאָנערע וואכזאמקײַט אונ זײַנ גרייט צו זעלבסטאָפּפערונג. איז דענ פארנ סאָוועטישנ פּאטריאָט פאראנ העכערס, וועזנטלעכערס אונ הייליקערס, ווי אָפּגעבנ אלע קוי-כעס צו פארטיידיקנ דאָס סאָוועטישע פּאָטערלאנד אונ, אויב מע דארפ—אויב דאָס לעבנ גופע, אזוי אז ער זאָל צוזאמענ מיט וול. מאיאקאָווסקינ קאָנענ זאָגנ:

„כ'בינ מיט יענע,
וואָס פיבערדיק
בויענ
דאָס לאנד,
אינ וואָכנטעג
בויענ
אונ קערנ;
דאָס פּאָטערלאנד
ליוב איכ,
וואָס איז שוינ פאראנ,
אונ דרײַ מאָל —
דאָס לאנד, וואָס וועט ווערנ“.

פארנ סאָוועטישנ פּאטריאָט איז ניטאָ אונ קאָנ ניט זײַנ עפּעס העכערס ווי די זאָרג וועגנ דער רויטער ארמיי. די רויטע ארמיי אלײנ דערציט וווּנדערלעכע אייגנשאפטנ פונ סאָוועטישנ פּאטריאָטיזמ: דאָ ווערט ער, דער סאָוועטישער פּאטריאָטיזמ, אפּנ ווירקזאמסטנ, לעבעדיקסטנ אויפנ אויסגעפּרוווט, דאָ ווערט

געבאָוועט עכטע סאָוועטישע, רעוואָליוציאָנערע שלאכט=דיסציפלינ, מוט, העראָיזמ, דערפינדערישקײט, געוואגטקײט, שרעקלאָזיקײט, קעגנזײטיקע הילפ, דאָ ווערט אויסגעשמידט א פעסט באהעפטער שלאכט=קאָלעקטיוו, דאָ ווערט געשמידט די גרייטקײט צו דער גרעסטער זעלבסטאָפּפערונג. וואָרעמ דאָס איז א נײַע ארמיי, וואָס פארטיידיקט די אינטערעסנ פונ די ארבעטנדיקע. זי האָט זיכ פארהארטעוועט אינ פײַער פונ דער רעוואָליוציע, אינ בירגערקריג. איר אויטאָריטעט באמ פאָלק איז ניט אָפּצושאצנ, ווײַל זי איז פלייש פונעמ פלייש אונ בלוט פונעמ בלוט פונ פאָלק. ס'איז אינ ערגעצ נישטאָ קיינ ליבע פונעמ פאָלק צו דער ארמיי אונ צו איר עכט=פאָלקישנ קאָמאנדירנ=באשטאנד, ווי נאָר אינ אונדזער לאנד. די סאָוועטישע אינדוסטריע באזאָרגט די ארמיי מיט דער פולקומסטער מאָדערנסטער שלאכט=טעכניק. די דאָזיקע אינדוסטריע וועט צושטעלנ דער ארמיי אלדאָס נייטיקע פארנ זיג.

אָבער מיר דארפנ אלע ווי איינער זיכ פילנ אלס קריגער פונ דער רויטער ארמיי. „דאָס גאנצע פאָלק אונדזערס דארפ איצט זײַנ באהעפט אונ איינהײַטלעכ ווי קיינמאָל. יעדער איינער פונ אונדז דארפ פאָדערנ פונ זיכ אונ פונ אנדערע דיסציפלינ, אָרגאניזירטקײט, מעסירעסנעפעשדיקײט, ווי סע פאסט פאר אנ עכטנ סאָוועטישנ פאטריאָט, קעדיי צו זיכערנ אלע באדערפענישנ פונ דער רויטער ארמיי, פונעמ פלאָט אונ פונ דער אוויאציע, קעדיי צו זיכערנ דעמ זיג איבערנ סוינע“ (כאווער מאָלאָטאָווס ארויסטרעטונג דורכ ראדיאָ).

אפ די וואָגשאָלנ פונ דער געשיכטע ווערט געווויגנ דער גורל פונ צענדליקער פעלקער פונ אייראָפּע, אזיע אונ פונ אנדערע לענדער. פונעמ רעזולטאט פונ דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע, וואָס האָט זיכ איצט אָנגעהויבנ, ווענדט זיכ דער גורל ניט בלויז פונ די פעלקער פונ פססר, נאָר אויכ פונ אנדערע פעלקער. מיטנ באוווּסטזײַנ פונ דער קאָלאָסאלער היסטאָרישער פאראנטוואָרטלעכקײט וועט יעדערער פונ אונדז אָפּגעבנ די גאנצע ענערגיע, זײַנ ווילנ, זײַנע קענטענישנ אונ, אויב מע דארפ, דאָס לעבנ צוליבנ זיג איבערנ סוינע. אונ אלצ גיכער וועט דער דאָזיקער זיג קומענ, אלצ פולער וועט ער זײַנ, וואָס ענגער מיר וועלנ באהעפטנ די גרויסע פעלקער=מישפּאָכע פונ פססר ארומ אונדזער סאָוועטישער רעגירונג, ארומ אונדזער גרויסער רומפולער קאָמוניסטישער פארטיי באָלשעוויקעס, ארומ איר קלוגנ פירער, דעמ הויפּט פונ דער סאָוועטישער רעגירונג — כאווער סטאלינ.

---

5 коп.

ЕМ. ЯРОСЛАВСКИЙ

**ВЕЛИКАЯ ОТЕЧЕСТВЕННАЯ ВОЙНА СОВЕТСКОГО НАРОДА**

На еврейском языке.

Редактор перевода Н. Левин.

Подписано к печати 27/VI 1941 г. А—34585. Тираж 15.000 экз. Зак. № 424.

17-я ф-ка национальной книги ОГИЗ'а РСФСР треста „Полиграфкнига".
Москва, Шлюзовая наб., 10.